# א. קושניראוו





# האוריק

שטאָט און גאַס, און מויערן,
און שניי באדעקט זיי ווייסער.
שטעלט אָן, קינדער, אויערן:
כ'האָב פאַר אייך אַ מאַיסע.

מיילע—גאַס און הייזער,
נאָר די שטאָט הייסט מאָסקווע,
זיינען שטיין און אייזן
איצטער דאָרט פארפראָסטיקט.

און אין שטאָט, אין מאָסקווע—
ראָג פון גאַס און געסל,
א פאַרויכערטער
און א פאראסטעטער
שטייט אַ גרויסער קעסל.

גאנצן זומער האָט מען
אף הייסן פייער
דאָרט געקאָכט אספאלטן.

אַלץ פאַר טראָטוארן —
אויסצוגיסן נייע
און פאריכטן אלטע.

און אין הארבסט, ווען נעפלען
שטאָט מיט קעלט באהויכן,
האָבן קינדער
זיך גענומען קלעפּן
צו דעם קעסלס רויכן.

קינדער, טאַקי קינדער —
ניט קיין אויסגעטראכטע, —
וואָס אף גאנץ געזינדל
האָבן זיי קיין דאך ניט.

וואָס אין שטאָט, אין גרויסער
האָבן זיי פאַרמעגן, —
נאָר דעם קאלטן דרויסן,
נאָר דעם נאַסן רעגן.

קינדער אינם קעסל
זיך געמאכט אַ וואוינונג.
דורך דער גאַס, דורך געסל
אלערליי פארשוינען
גייען דורך און שטוינען:

— אי, אי, אי פארלאָזטע.
— אי, אי, אי אזוינע,
אין אזא מין מאָסקווע
האָבן זיי קיין וואוינונג.


גאַס איז ניט קיין
שטילע,
רויש איז דאָרט
ניט ווייניק.
פונאווטאמאבילן
רועָן ניט די
שטיינער.

און די ווענט די בלינדע —
אזעלכע ניט קיין מידע —
קוקן ניט אױ קינדער,
רייצן נאָר מיט שילדן.

און אפילע
אויבן,
וואו די וואל-
קנס שפאַנען,

פליען ניט קיין טויבן,
נאָר עראָפּלאנען.
זיצט אזוי אנומלט
דאס געזינד אין קעסל,

איבער לייב, — ווי מילבן.
שמועסן קינדער ערנסט:
גוט וואלט זיין צו לעבן,
ווען מיליציאָנערן
שטייען ניט דערנעבן.

און פון ערד און הימל
שמעקט שוין מיט אַ פרעסטל.
וואָס עס דאַרף און דאַרף ניט
ווערט פון פראסט באזילבערט,
און אַ ווינט א שארפער

ווען אף שריט און טריט דאָ
וואָלט ניט זיין קיין וועכטער, —
וואו דו פאלסט אנידער
דאָרטן דורכגעגעכטיקט.

וואו אַ טיר, א טויער,
דאָרט איז גוט און היימלעך;
און ניטאָ קיין מוירע
פאר קיין קינדער־היימען.

אך, ווען ניט קיין וועכטער,
און ניט טירן פעסטע,
וואלט געווען ניט שלעכט גאָר
זיין בא גאס א קעסט-קינד.





רופט זיך אן פילדייטיק
איינער פון געזינדל:
— „אָט... פון איצט און ווייטער
אייער עלטסטער כ׳בין דא.

„איך בין אייער עלטסטער,
„איך בין אייער פירער
„קעגן אלע פענסטער,
„קעגן אלע טירן״.

רעדט אזוי געלאסן
און פארטיילט די ארבעט:
איינער דארף אף גאסן
שלעפן פאר די ארבל.

צוויי און נאך א דריטער
ווארטן ביז ס׳וועט נאכט זיין
אראפצוכאפן היטלען
ווי בא וועמען ס׳מאכט זיך.

היטלען פו די קעפּ און
טייסטערס פון די טאשן,
וועט זיין וואָס צו שמעקן,
וועט זיין וואָס צו נאשן.

זיינען אלע מאסקים
מיט די רייד פון כאוועד,
נאר עס שווייגט איין גאס-קינד
מיטן נאָמען האווריק.

האווריק האָט געשוויגן,
און די יאטן אלע,
אלע, ווי די פליגן
זיינען אים באפאלן:



— „שווייגן איז קיין זאך ניט...
— „ס'הייסט, אַז דו פאַרטרויסט ניט"...
און די גאַנצע מאַכנע
קריכט אויף אים מיט פויסטן.

זאָגט שוין האָוריק דעמאָלט
צום געזינד, צעהיצטן:
— כ'וועל דעם גאַנצן עמעס
ניט באַהאַלטן איצטער.

גאַרנישט ניט פאַרטייען,
גאַרנישט ניט פאַרבלענדן.
ווי געוועזן טריי איך,
אַזוי בלייב איך שטענדיק.

נאָר פון איצט און ווייטער,
כעוורע מײַנע, גוטע,
אויף צו שניידן בייטלען
בין איך ניט קיין שותּף.

מער אין קיינע פאַלן,
מער אויף קיינע היטלען
בין איך ניט קיין באַלן,
מיך—ניטאָ אינמיטן...

אַלע—ווי פאַרשטיינטע
און מע קוקט זיך איבער:
וואָס איז פאַר אַ יאָנטעוו,
וואָס איז פאַר אַ סיבע.



ווער עס האט געשוויגן,
ווער אים גלייך אין פּאָנים:
— אנדערש ניט—א פליג גאר
האָט א ביס געטאן אים...





און פון קעגנאיבער
וואנט מיט פענסטער גרויסן
שפיגלט אפ דעם פיבער
פון צעהיצטע פויסטן.

איבער אלע שילדן
אונטיקער זשאווער...
יאטן אין געפילדער...
רואיק איז נאר האוריק.

ווערטער ף און מעכטיק
אין דער לופטן פאכן:
— הערט ווי כ'בין ערשט נעכטן
אין א שטוב פארקראכן.

קיינעם ניט באגעגנט
ליידיק אף די טרעפ איז,
הייסט עס, אט דא מעג מען
צולאקכענען עפעס...

אף דער האנט א מאנטל,
אונטער האנט א העמדל
און אוועקגעשפאנט זיך
פון דער שטוב דער פרעמדער.

נאר צוריק איז שווערער...
דארט דורך הויף, דורך ברייטן
גייען פיאנערן—
פויקן און טרומייטן.

שטעקל שרייט צום פייקל:
— אַט, אַט, אַט אַ גאַנעוו
און טרומייט צעקייקלט:
— לאָזט אים ניט פון דאנען,
ווייל ער האָט באַנומען
די קינדערשע קאַמונע.

מעגסט אַף בעסטן אויפן
הויבן דיינע פיאַטעס,
וועסטו ניט אַנטלויפן
פון אַזוינע יאַטן.

— כ'ווייס ניט דאָרטן ווער ווי,
נאָר איך ווינטש ניט קיינעם...
און די גאַנצע כעוורע
הערט אים אויס פאַרשטיינערט.

נייגעריקע בליקן
שלינגען זיינע ווערטער:
ווי מע האָט צוריק אים
אין דער שטוב פאַרבעטן.

— אַך, דו יאַט, דו איינער,
וואָס וועט פון דיר ווערן...
קום און זע, ווי היימלעך
לעבן פיאָנערן...

מערער אים קיין וואָרט ניט,
מער קיין פיפס, קיין שטימע,
נאָר באַוויזן דאָרטן
צימער נאָך אַ צימער.


צימערן און טירן
און בּא טירן שוועלן...
אלע טירן פירן
אין א זאל א העלן.

איז פּאַר שפּיל און לערנען
אָט דער זאַל דער גרויסער.
זון מיט אירע הערנער
אין די פענסטער שטויסט זיך.

זון אריבער קאנטן
און די שויבן ברענען.
שיין שלאָגט אָפּ אף וואַנט דאָרט,
וואו פון ראַם קוקט לענין.

לויפן פלינק און פארביק
באַ דעם טאָג די שאָען.
שאָ נאָך שאָ אין אַרבעט
און דערנאָכדעם—רוען.

ווילן קינדער עסן—
צו געגרייטע טישן,
ווילן קינדער שלאָפן—
מיטן קאָפּ אין קישן.

וואקסט, צעוואקסט זיך קינדער,
פריילעכע און זאַטע
פאַרן גרויס געזינדל—
פאַרן לאנד פון ראַטן.



און די קעסל-יאטן
האוויקס ווערטער הערן
ביז אַף הימל גלאטן
שיטן אויס די שטערן.

ביז אין שטאָט, אין גאנצער—
פייערן צעבליצטע...
דעמאָלט ערשט דערמאָנט זיך:
— נו, וואָס זיין וועט איצטער?

און אין קעסל ווידער
שטים נאָך שטימע רייסט זיך:
— שוין געהערט דאָס לידל...
— שוין געהערט די מאיסעס...

האוויק—הארט צו כעוודע:
— ניין, געהערט נאָך ווינציק,
כ׳ווייס ניט, וואו דאָרט, ווער ווי,
נאָר איך גיי אהינצו.



און די יאַטן אלע
קוקן צו פארוואונדערט:
האוריק הערט פאַרפאַלן,
האוריק ווערט פאַרשוואונדן.

איבער לעצטע ראָגן
יאטנס בליקן פינטלען...
אים שוין ניט דעריאָגן
וועלן קיינע ווינטן...

שלונג גאַס פון איינער
און—ניטאָ זיין שאָטן...
פראָסט האָט איבער שטיינער
פינקל-גלאָז צעשאָטן...





שטערן צו לאַמטערן —
האָט אַ וואונק געגעבן:
— וואָס וועט פון אים ווערן,
ווי וועט זיך אים לעבן?

— ווי אים וועט זיך לעבן
אומעטיק צי פריילעך—
זאָגט לאַמטערן ווייסער—
דאָס וועט אונז שוין, כלעבן,
קושניראָוו דערציילן
אין אַ צווייטער מאַיסע.



Тип. «Эмес», Москва, Покровка, 9. Главлит № А.2029 Тираж 3000 экз.

А. Кушниров

# ГАВРИК

פרייז 40 ק.





Издательство Акционерн. Об-ва

[illegible] Д“

Москва, Никольская, 10.